ערנעסט טאָמפּסאָן-סעטאָן.

# דער שווארצער מוסטאנג.



ערנעסט טאָמפּסאָן=סעטאָן.



# דער שוואַרצער מוסטאַנג.

יידיש — מ. רובינשטיין.

פאַרלאַג:
„דאָס בוך"
ביאַליסטאָק.

זעצעריי פון דער יידישער צענטראַלער שול-אָרגאַניזאַציע אין ווילנע.

.1922



# דער שווארצער מוסטאנג.

זשאָ קאַלאָן האָט אַ וואָרף געטאָן דעם זאָטל אויף דער שטויביקער ערד, פרייגעלאָזן די פערד און מיט רעש אַריין אין שטוב.

— ווי האַלט עס מיטן מיטאָג? — האָט ער אַ פרעג געטאָן.

— נאָך זיבעצן מינוט, — האָט געענטפערט דער קוכאַר, קוקנדיק אויפן זייגער מיט אַ פנים פון אַ קאָנדוקטאָר, הגם ער האָט תמיד אַזוי געענטפערט און איז קיינמאָל ניט געווען פינקטלעך.

— ווי זיינען די עסקים אויף פעריקאָ? — האָט געפרעגט דזשאָס אַ חבר.

— ס'גייט, ווי געשמירט, — האָט זיך אָפגערופן דזשאָ, — אויף די בהמות איז אַ מחיה צו קוקן, און קעלבער איז דאָ אַ ים.

— — — — — — — — — — — — —

ביים אַנטילאָפּנקיוואַל האָב איך געזען, — דערציילט דזשאָ, — אַ טאַבון מוסטאַנגעס. דאָרט איז אויך געווען אַ טונקעלער, אַ בילדשיינער מוסטאַנג, און אַ געבאָרענער פאַסגייער *). כ'האָב

*) אַ זעלטענער מין פערד, וועלכער גייט תמיד מיט אַ גלייכמעסיקן טראָט.

זיך נאָך אים געיאָגט גאַנצע דריי וויאָרסט. ער האָט געפירט דעם טאַבון און קיין איינציק מאָל ניט געביטן דעם טראָט: איך האָב אויף אַ געלעכטער אַ טריב געטאָן מיינע פערד, און ס'איז געווען כדאַי אַ קוק צו טאָן: קיין טראָפּן זאָל מער אין מיין מויל ניט קומען, אויב ער האָט אויף אַ רגע געביטן זיין טראָט.

— עט, ווייס איך וואָס! דו האָסט אוודאי אַריינגעגאָסן אין וועג אַן איבעריקע כוסה?! — האָט זיך אָפּגערופן סקאַרט.



— נו, נו, פּלוידער ניט, סקאַרט! אַליין איז ער געקראָכן אויף אַלע פיר, בעת מיר האָבן זיך געוועט דעם לעצטן מאָל, וואָס, דיר האָט זיך אפשר פאַרוואָלט נאָך אַ מאָל?

— דער מיטאָג איז גרייט! — האָט אַ געשריי געטאָן דער קוכאַר און איבערגעריסן דעם שמועס.

אויף מאָרגן האָבן די פּאַסטוכער זיך אַריבערגעקליבן אין אַן אַנדער געגנט און פאַרגעסן די מעשה מיט די מוסטאַנגעס.

אין אַ יאָר אַרום האָבן זיך די פּאַסטוכער אומגעקערט אין דעמזעלביקן ווינקל פון ניי-מעקסיקע. ווידער האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן דער טאַבון מוסטאַנגעס. דער טונקעלער לאָשאַקל איז געוואָרן אַ שוואַרצער יאָריקער מוסטאַנג מיט דינע, שלאַנקע פיס און מיט אַ גלאַטער גלאַנציקער פעל. אַלע פּאַסטוכער, וואָס האָבן אים געזען, האָבן געטענעט אין איין קול: דער מוסטאַנג איז אַ געבאָרענער פּאַסגייער. דזשאָ איז דאָ אויך געווען. אים האָט אָנגענומען אַ חשק צו כאַפּן ס'דאָזיקע לאָשאַקל. אַן איינוואוינער פון מזרח וואָלט עס פאַרשטאַנען, אָבער אין מעריב, וואו פאַר אַ ווילדן פערד צאָלט מען פינף דאָלאַר און פאַר אַ געלערנטן רייטפערד פון 15 ביז 20 דאָלאַר, האָבן די פּאַסטוכער געהאַלטן, אַז ס'איז ניט כדאַי צו פאַרלירן קיין צייט דערויף. אַגב, איז דאָס גאָרניט אַזוי לייכט, און כאַפּסטו אים שוין יאָ, בלייבט ער ביז אין טויט אַריין אַ ווילדער געפאַנגענער, וואָס לאָזט זיך ניט פאַרהיימישן און טויג צו גאָרנישט. אַ סך פּאַסטוכער דערשיסן די מוסטאַנגעס פּשוט אויף אַלע וועגן, ווייל מער ווי צרות האָט מען

ניט פון זיי: זיי פרעסן אָפּ דאָס גראָז אויף די לאָנקעס און דער־
צו פירן זיי אָפּט מיט זיך אַוועק פאַרהיימישטע פערד, וואָס זיי
זיי ווערן אויך ווילד און נוצן מער צו קיין זאַך ניט.

דזשאָ קאַלאָן איז געווען אַ מבין אויף פערד: ער האָט זיי
געקענט אויסגעפונדן. „איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען, — האָט
ער דערציילט, — אַ ווייסן פערד, וואָס זאָל ניט קענען לייכט ציען,
אַ ברוינעם, וואָס זאָל ניט זיין נערוועזיש, אַ גרויער פערד איז
תמיד אַ גוטער, מען דאַרף נאָר האָבן שכל, ווי זיך מיט אים צו באַגיין,
אָבער אַ שוואַרצער איז אַן עקשן, און אַ בייזער, ווי דער טייוול.

אויב בכלל אַ מוסטאַנג טויג אויף גאָרניט, איז דאָך אַ שוואַר־
צער מוסטאַנג אַוודאי קיין פּרוטה ניט ווערט. דעריבער האָבן
דזשאָס חברים געהאַלטן זיין פאַרלאַנג צו כאַפּן דעם שוואַרצן
מוסטאַנג פאַר אַ משוגעת. נאָר היי־יאָר האָט דזשאָ גאָרנישט אונ־
טערגענומען כדי צו כאַפּן דעם פערד.

דזשאָ איז געווען אַן איינפאַכער פאַסטוך מיט אַ קליינעם
געהאַלט פון 25 דאָלאַר אַ מאָנאַט. זיין צייט איז געווען אַ פאַר־
קויפטע. ווי אַ סך זיינע חברים, האָט ער געחלומט צו ווערן אַ פאַר־
מער פאַרזיך מיט אַן אייגענער סטאַדע.

האַרבסט־צייט, ווען די פאַסטוכער באַקומען זייערע שכירות,
פלעגט דזשאָ ניט קענען ביישטיין דעם נסיון און זיך לאָזן מיט
די חברים אין שטאָט אַ הוליע טאָן, כל־זמן ס'איז געווען אַ גראָשן
ביי דער נשמה. דעריבער איז קיין חידוש ניט, וואָס זיין האָב
און גוטס איז באַשטאַנען פון אַ זאָטל,
אַ בעט און איין און איינציקער
אַלטער קו.



פונדעסטוועגן האָט ער תמיד
געבויט לופטשלעסער און געגלויבט,
אַז סוף־כל־סוף וועט ער זיך אָנשטויסן
אויף אַן אוצר און פאַרפירן אַ לעבן.
זינט ער האָט דערזען דעם שוואַרצן מוסטאַנג, האָט ער געלעבט מיטן
בטחון, אַז אָט דער לאָשאַק איז יענער אוצר, וואָס וועט אים
הרענגען גליק.

די סטאַדעס האָבן איבערגעוואַנדערט צו קאַנאַדער טייך און האַרבסטצייט — אין די דאָן־קאַרלאָס־בערג. דזשאָ האָט אַ צייט ניט געזען דעם מוסטאַנג, הגם געהערט האָט ער פון אים גאַנץ אָפט. דער לאָשאַק איז שוין אַלט געוואָרן דריי יאָר, איז נאָך קרעפּטיקער געוואָרן און האָט באַקומען אַ שם אין דער גאַנצער געגנט.

דער אַנטילאָפּנקוואַל ליגט אויף אַ גרויסן, ברייטן פּליין. בעת עס קוועלט אָן אַ סך וואַסער, צעגיסט ער זיך אין אַ סאַזשלקע, וואָס איז באַוואַקסן מיט אַ גאַרטל אַאיר, ווען דאָס וואַסער פאַלט אָפּ, פאַרוואַנדלט זיך דער קוואַל אין אַ גרויסע שוואַרצע בלאָטע מיט אַ לאָך, ווי אַ ברונעם, אין דער מיט. ערטערווייז גלאַנצט אין דער בלאָטע אַ ווייסער זאַלץ. הגם דער קוואַל האָט ניט קיין אָפּ־גאַנג, איז דאָס וואַסער דאָך קלאָר און גאָרניט שלעכט. ווייט־ווייט, אויף אַ סך מיילן אַרום איז קיין אַנדער אָרט צום טרינקען ניטאָ.

אָטאָ דער פּליין, אָדער די פּרערי, ווי מ'זאָגט אין צפון, איז געווען דאָס באַליבטע אָרט פון דעם שוואַרצן מוסטאַנג. דאָ האָבן זיך אויך געפּיטערט גרויסע סטאַדעס פאַרהיימישטע פערד און קי.

דער רייכסטער באַלעבאָס אין דער געגנט איז געווען דער פאַרמער פאָסטער. דערדאָזיקער פאַרמער האָט געגלויבט, אַז ער וועט נתעשר ווערן, ווען ער וועט אויסהאָדעווען אַ בעסערן מין פערד און קי. צוליב דעם האָט ער געבראַכט צען גרויסע שקאַפּעס מיט הייכע, דינע פיס און אויגן, ווי ביי הירשן. אין איין סטאַדע מיט זיי האָבן די אָרטיקע, האָריקע פאָניס אויסגעזען ווי פאַר־חושכטע רעשטלעך פון אַ גרויסער ראַסע.

איין שקאַפּע פלעגט בלייבן תמיד אין שטאַל. די איבעריקע פלעגן נאָכן אַנטווינען די לאָשאַקלעך פריי אַרומגיין איבער דער פרערי.

דער אינסטינקט פון די פערד פירט זיי צו דער בעסטער פּאַשע, און די נייַן שקאַפּעס זיינען גאַנץ גיך אַוועק ווייט־ווייט פון זייער פאַרק, צום אַנטילאָפּן־קוואַל.

אין אַ צייט אַרום האָט זיך פאָסטער מיט זיין שותף אַוועק־געלאָזן זוכן די שקאַפּעס. ער האָט זיי, אמת, געפונען אַלע צו־

זאַמען, אָבער מיט זיי איז אויך געווען דער שוואַרצער כּאַסגייער. ער האָט זיי אָפּגעהיט גאָרניט ווי אַ פּשוטער חבר. ער האָט גע־קאָפּיעט מיט די פּיס, זיי אויפּגעטריבן אין איין קופּע. צווישן זיינע גאָלדגעלע חברטעס האָט זיין קוילנשוואַרצע פעל זיך שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן.

די שקאַפּעס זיינען געווען פאָלגעוודיקע, ווי לעמעלעך, און ס'איז געווען אַ קנאַפּע טירחה אַוועקצויאָגן זיי אַהיים. נאָר דאָ האָט זיך דער שוואַרצער לאָשאַק מוראדיק אויפגערעגט, זיין צו־רודערטקייט האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויף דעם גאַנצן טאַבון. באַלד זיינען זיי אַלע אין גאַלאָפּ אַוועק און איבערגעלאָזן די רייטער אויף זייערע קלאָגעדיקע פּאָניס ווייט הינטער זיך.

די רייטער זיינען אַרויס פון די כּלים. ס'איז טאַקע געווען פּאַרוואָס, און זיי האָבן אַרויסגעכאַפּט די ביקסן, כּדי אויפן אָרט צו פּטרן דעם פאַרשאָלטענעם אָגער. זיי האָבן זיך אָבער אָפּגע־האַלטן: זיי האָבן מורא געהאַט צו טרעפן אין אַ שקאַפּע. אומזיסט האָבן זיי זיך אַ גאַנצן טאָג אָפּגעמאַטערט. דער פּאַסגייער האָט געהאַלטן דעם גאַנצן טאַבון לעבן זיך און איז סוף־כּל־סוף בנעלם געוואָרן מיט אים אויף דרום, הינטער די זאַמדיקע בערגלעך.

די פאַרמערס האָבן זיך אָפּגעטראָגן אַהיים אויף זייערע פאַרמאַטערטע פּאָניס. זיי האָבן געשוואָרן זיך נוקם צו זיין אָן דעם עזות פּנים פאַר זייער מפּלה.

די נאַטורפאָרשער ווייסן נאָך עד־היום ניט קלאָר, צו שייכּ־קייט און מוטיקייט האָט אַ השפּעה אויפן ווייבלעכן מין ביי חיות. עס איז אָבער בלי ספק, אַז אַ ווילדע חיה, וואָס די נאַטור האָט געבענטשט מיט אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן, וועט תּמיד אויס־נעמען ביי די חברטעס. דעריבער איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס דער געוואַלדיקער פערד מיט דער פּעכשוואַרצער גריווע, שטאָלצן עק און גרינלויכטנדיקע אויגעלעך האָט באַלעבאַטעוועט אין דער געגנט. זיין טאַבון איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג. עס זיינען צו־געקומען אַ סך פּשוטע באַשיידענע פּאָניס, וואָס די פּאַסטוכער האָבן

אַרויסגעלאָזן אויף די לאָנקעס. די ניין שקאַפּעס אָבער האָבן זיך בילט געוואָרען אין די אויגן פונדערווייטנס און זייבען געווען דער שטאָלץ פון זיין סטאַדע.

דער עולם פלעגט דערציילן, אַז דער מוסטאַנג האָט שטאַרק אָפּגעהיט זיין טאַבון. איז צו אים אַריינגעפאַלן אַ שקאַפּע, האָט שוין דער אייגנטימער זיך געמעגט מיט איר אָפּזעגענען.

באַלד האָבן זיך אַלע פאַרמערס אַרומגעזען, אַז דער שוואַרצער מוסטאַנג איז זייער אַ געפערלעכער שונא, וואָס מאַכט זיי אָן די גרעסטע שאָדיינעס.

II.

עס איז געווען אין דעצעמבער 1893 יאָר. אין דעם קאַנט בין איך געווען דעם ערשטן מאָל. איך בין געפאָרן מיט אַ פור צום קאַנאַדישן טייך פון דער פאַרם אויף פּינאַוועטאָס.



קורץ פאַר מיין אָפּפאָרן האָט מיר פאָסטער בעזאָגט:

— אויב אייך וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט אַריינצוזעצן דעם פאַרשאָלטענעם מוסטאַנג אַ קויל אין זייט, זעט, צילעוועט גוט.

איך האָב אָקאָרשט געהערט דעם ערשטן מאָל וועגן דעם מוסטאַנג. אויפן וועג האָט מיר מיין פירער בורנס דערציילט דעם פערדס גאַנצע געשיכטע.

נאָך אָט פאָרן מיר שוין גאַנצע צוויי טעג, זיינען שוין געקומען צום אַנטילאָפּן-קוואַל, און פון מוסטאַנג איז קיין סימן ניטא. איך האָב שוין כמעט פאַרלאָרן די האָפענונג אים צו זען.

אויפן דריטן טאָג זיינען מיר אַריבערגעפאָרן אַלאַמאָזאָ-אַראָיא און אַריינגעפאָרן אין דער בערגלדיקער פּרערי.

מיטאַמאָל איז דזשעק בורנס, וואָס איז געפאָרן רייטנדיק פאָרויס, צוגעפאַלן צום פערדס גריווע, זיך אומגעקערט צו מיר און אַ שעפּטשע געטאָן:

— נעמט די ביקס! אַן דאָרט איז ער דער אָגער.

איך האָב זיך געכאַפּט צום ביקס און געוואָרפן אַ בליק אויפן ראַנד פון פליין. דאָרט האָב איך דערזען אַ טאַבון פערד. נעענטער פון אַלע איז געווען דער גרויסער שוואַרצער מוסטאַנג. דער טומל פון אונזערע פורן איז דערגאַנגען צו זיינע אויערן, און ער האָט דערשמעקט אַ סכנה.

אָט שטייט ער פּאַר מיר, הויך אויפגעהויבן דעם קאָפּ, פּו-באַנדערגעלאָזן דעם עק, — אַ בילד פון פערדישער שיינקייט און פאָלקאָמענהייט. ס'איז די הערלעכסטע חיה, וואָס האָט זיך ווען עס איז אַרומגעטראָגן דאָ, איבער די פּרעריעס פון ניי-מעקסיקע.

בלויז דער געדאַנק אַליין איך זאָל מיט מיינע אייגענע הענט די הערלעכסטע באַשעפעניש פון דער וועלט אומברענגען, האָט מיך אָפּגעשראָקן.

בורנס האָט מיך געאיילט, איך זאָל שיסן. איך האָב געזאַמט. אַן אויפגערעגטער האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט צו מיין ביקס, אָבער ער האָט נאָך ניט באַוויזן צו נעמען זי אין די הענט, ווי די ביקס האָט צופעליק אויסגעשאָסן אינדערלופן.

אין דער רגע איז געוואָרן אַ טומל אין טאַבון. דער שוואַרצער פירער האָט אַ הירזשע געטאָן און געמאַכט אַ קרייז אַרום די פערד. באַלד זיינען זיי נעלם געוואָרן און געלאָזן אַ וואָלקן שטויב הינטער זיך.

בורנס האָט דעם גאַנצן וועג ניט געקאַרגט קיין זידלערייען פאַר מיר און פאַרן מוסטאַנג. איך אָבער בין געווען צופרידן און מונטער. דעם מוסטאַנגס שיינקייט און כוח האָבן מיר אַנטציקט. אַפילו ווען מען גילט מיר אָפּ, וואָלט איך ניט אָנגערירט זיין זיידענע פעל.

III.

עס זיינען פאַראַן פאַרשיידענע אופנים, ווי אַזוי צו כאַפּן די ווילדע מוסטאַנגעס. איין מיטל איז „קיצלען" די פערד, אויפן פּשוטן לשון הייסט עס, שיסן אַזוי, אַז די קויל זאָל נאָר לייכט אָנרירן די האַלדז פון פערד, וועלכער ווערט אויף אַ רגע באַטויבט. אין דעם מאָמענט איז לייכט אַרויפצוואַרפן אויפן פערד אַ פּענטע.

מ׳מוז אָבער זיין אַ גוטער שיסער, אַ ניט איז אומזיסט די טרחה, און מען בלייבט ביי גאָרנישט.

איך האָב שוין הונדערט מאָל געזען, ווי מענטשן ברעכן דערביי האַלדז און נאַקן, כ׳האָב אָבער נאָך קיינמאָל ניט געזען קיין „געקיצלטן" פערד, — האָט געטענעט דער ווילדער דזשאָ.

אין אַ גינסטיקער געגנט גיט זיך אַמאָל איין צו פאַרטרייבן פערד אין אַן אַרומגעצאַמטע לאָנקע.

האָט מען גוטע פערד, קען מען די מוסטאַנגעס אַזוי לאַנג יאָגן, ביז זיי ווערן טויט־מיד, און ס׳איז לייכט מיט אַ לאַסאָ זיי צו כאַפּן. דער בעסטער מיטל איז אָבער „אַרומגיין" די פערד.

דער שם פון דעם אָגער, וועלכער האָט קיינמאָל ניט גאַלאָפּירט, איז אַלץ געוואַקסן. וועגן זיין גאַנג און זיין שנעלקייט זיינען אַרומגעגאַנגען וואונדערלעכע מעשיות.

דער אַלטער מאָנגאָמערי, דער באַלעבאָס פון דער פאַרם „דעם טייוולס־דריי עק", איז געקומען אין אַ שיינק אין קלייטאָן און האָט געזאָגט, אַז ער וועט געבן טויזנט דאָלאַר, אויב מ׳וועט כאַפּן דעם אָגער אַ לעבעדיקן. אַ סך פאַסטוכער האָבן באַשלאָסן פּרובן זייער מזל, נאָכדעם ווי ס׳וועלן זיך ענדיקן זייערע קאָנטראַקטן.

דער ווילדער דזשאָ האָט שוין לאַנג געוואַרט אויף אַזאַ צופאַל. ער האָט לאַנג ניט געטראַכט, אַוועקגעוואָרפן אַלע זיינע עסקים און זיך גענומען גרייטן צו דער יאַכט.

מיט דער הילף פון זיינע חברים האָט ער צוזאַמענגעשטעלט אַן עקספּעדיציע פון צוואַנציק פערד, אַ באַוועגלעכע קיך, איינגעקויפט שפּייז אויף אַ פּאָר וואָכן פאַר דריי מענטשן, פאַר זיך, פאַר זיין חבר טשאַרלי און דעם קוכאַר.



אין אַ שיינעם פרימאָרגן זיינען זיי זאַלבע־דריט אַרויסגעפאָרן פון קלייטאָן מיטן פעסטן פּלאַן „אַרומצוגיין" דעם לייכטפיסיקן פאַסגייער. אויפן דריטן טאָג זיינען זיי געקומען צום אַנטילאָפּן־קוואַל. נאָך אַ האַלבן טאָג האָבן זיי דערזען דעם טאַבון מיט זיין שוואַרצן פירער.

כל זמן די פערד האָבן געטרונקען, האָט זיך דזשאָ ניט באַוויזן, ווייל אַן אָנגעטרונקענער פערד ווערט שווערער פון וואַסער און לויפט אַ סך לאַנגזאַמער, ווי בעת אים יאָגט דער דורשט.

דזשאָ איז רואיק אַרויסגעפאָרן. דער פּאַסגייער האָט פאַר אַ וואָרסט געמאַכט אַ ליאַרים און אוועקגעפירט זיין טאַבון אויף דרום־מזרח. דזשאָ האָט געהייסן דעם לאַגער פאָרן אויף דרום, צו אַלאַמאָזאָ־אראַיאַ. אַליין האָט ער זיך געלאָזן אין גאַלאָפּ נאָך די מוסטאַנגעס.

אָפּגעפאָרן אַ מהלך פון עטלעכע וויאָרסט, האָט ער זיי ווידער דערזען און שטילערהייט זיך אונטערגעגנבעט צו זיי. די מוסטאַנגעס האָבן באַלד דערשמעקט, געמאַכט אַ טומל און זיך געלאָזן אויף דרום.

נאָך אַ שעה רייזע האָט דזשאָ פון גאָר אַן אַנדער ריכטונג זיך אָנגעשטויסן פּנים אל פּנים מיטן טאַבון. די שפּיל האָט זיך איבערגעחזרט: ווידער אַ טומל, ווידער אַ יאָגעניש. אַזוי האָבן זיי אַ גאַנצן טאָג געמאַכט קרייזן און זיך אָפּגערוקט צו דרום. בעת די זון האָט גענומען אונטערגיין, זיינען זיי געקומען, ווי דזשאָ האָט טאַקע אויסגערעכנט, לעם אַלאַמאָזאָ־אַראַיאָ, וואו ס׳האָבן שוין געוואַרט אויף אים טשאַרלי מיטן קוכאַר. דזשאָ איז געבליבן ביי דער פור, און טשאַרלי האָט אויפסניי אָנגעהויבן די יאַכט אויף אַ פרישן פערד.

איצט איז שוין דער טאַבון געלאָפן לאַנגזאַמער. בין השמשות־צייט האָט אַ נייַ־ווייסע שקאַפּע געוויזן דעם וועג. די לבנה האָט אויך מיטגעהאָלפן און פאַרלייכטערט די יאַכט.

ווען ס׳איז געוואָרן שטאָק־פינסטער, און דער טאַבון איז נעלם געוואָרן, האָט טשאַרלי אָפּגעלאָזן זיין פערד זיך פּאַשען. אַליין האָט ער זיך אויסגעצייגן אויף דער ערד, זיך איינגעדעקט אין אַ קאָלדרע און רואיק איינגעשלאָפן.

ווי נאָר ס׳האָט אָנגעהייבן טאָגן, איז טשאַרלי שוין געווען אויף די פיס. אַ דאַנק דער ווייסער שקאַפּע האָט ער גיך געפונען

דעם טאַבון. דער פּאַסגייער האָט אים באַלד דערזען, האָט אַ הירושע געטאָן און זיך גיך געלאָזן לויפן מיטן טאַבון.

אויפן ערשטן בערגל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, זיך אומגעקוקט, כדי צו זען, ווער איז דער נאָכיאָגער און וואָס וויל ער דאָ האָבן. אַ מינוט זיינען זיי געשטאַנען אויפן בערגל. נאָכדעם האָט דער שוואַרצער פירער, קענטיק, באַשלאָסן, אַז ער איז דערגאַנגען דעם סוד, האָט פונאַנדערגעלאָזן די גריוועַ אויפן ווינט און זיך געלאָזן לויפן מיט זיין שטענדיקן גלייכן טריט הינטער זיינע שקאַפּעס. איצט האָבן זיי זיך פאַרנומען אויף מערב.

די מעשה מיטן יאָגעניש, טרעפעניש און ווידער יאָגעניש האָט זיך איבערגעחזרט, ביז זיי זיינען נאָך אַ האַלבן טאָג געקומען צום אָרט, וואו דזשאָ איז געשטאַנען אויף דער וואַך. אַ לאַנגער דינער רויכל האָט טשאַרלין געוויזן, וואו דער לאַגער געפינט זיך.



דזשאָ האָט זיך געזעצט אויף אַן אויסגערוטן פערד און אָנגעהייבן אויפדאָסניי די יאַכט. טשאַרלי ווידער איז געבליבן, האָט אָפּגערוט, אָפּגעגעסן און אַוועק מיטן לאַגער אין וועג פאַזע טייך.

אין אַזאַ סדר האָט די יאַכט געדויערט פיר מעת־לעת. אומזיסט האָט זיך דער פאַסגייער מיט אַלע כוחות געמאַטערט דער טאַבון זאָל לויפן וואָס גיכער: דער שטח צווישן די אויסגעמאַטערטע מוסטאַנגעס און די נאָכיאָגער איז געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער.

אויפן פינפטן טאָג זיינען זיי ווידער געקומען כמעט לעם אַנטילאָפּנקוואַל. ביז איצט איז אַלץ געגאַנגען כשורה, די יעגער האָבן געטריבן דעם טאַבון אין אַ גרויסן קרייז, בעת דער לאַגער איז אין דער מיט נאָכגעגאַנגען אין אַ קלענערן קרייז. דער טאַבון איז געוואָרן מיט־מיד, און די נאָכיאָגער זיינען געבליבן פריש און מונטער אויף זייערע אויסגערוטע פערד.

אַ גאַנצן טאָג האָט מען די מוסטאַנגעס ניט צוגעלאָזן צום

וואַסער. ערשט שפּעט, נאָך האַלבן טאָג האָט מען זיי צוגעטריבן צום קוואַל און געלאָזן זיך אָנטרינקען צו זאַט. דער פּלוצלונגער לאַנגער טרינקען ווירקט אויף אַלע אברים און די לונגען: נאָכ־דעם איז שווער צו לויפן און שווער צו אָטעמען.

איצט איז די רעכטע צייט געווען, איינציקווייז צו כאַפּן די מוסטאַנגעס מיט אַ לאַסאָ. דאָס וואָלט מען קענען טאָן אָן שום שוועריקייט.

ס'איז אָבער געווען איין מניעה

דער שוואַרצער מוסטאַנג, וואָס ער איז געווען דער עיקר אינם גאַנצן ענין, איז געווען ווי פון אײַזן. מיט זיין לייכטן פּאַסגאַנג איז ער געבליבן דערזעלביקער פרישער, דערזעלביקער שטאַרקער ווי דעם ערשטן טאָג פון דער יאַכט. מיט זיין מעכטיקן בײַשפּיל און הילכיקן הירזשען האָט ער געמונטערט זיין סטאַדע. אָבער די שקאַפּעס האָבן אָנגעהויבן פאַרלירן די כוחות. די אַלטע ווייסע שקאַפּע, וואָס האָט ביידערנאַכט פאַרלייכטערט די יאַכט, איז מיט אַ פּאָר שעה צוריק אַוועקגעפאַלן אין וועג.

ס'איז קלאָר, אַז דזשאָ האָט געקענט טאָן מיט דער סטאַדע, וואָס זיין האַרץ געלוסט. אָבער צום ציל, וואָס האָט אים גע־דאַרפט באַלוינען פאַר זיין מי, האָט ער זיך אויף קיין האָר ניט דערנענטערט.

טשאַרלי האָט געקענט זיין חבר אויסגעבונדן און וואָלט זיך גאָרניט געחידושט, ווען דזשאָ וואָלט אַרויס פון די כלים און דער־שאָסן דעם שוואַרצן מוסטאַנג. אָבער דזשאָ איז געווען ווייט פון אַזאַ מחשבה. די גאַנצע לאַנגע וואָך האָט ער אים קיין איין און איינציקן מאָל ניט געזען גאַלאָפּירן.

די אַנטציקונג פאַר דער איידעלער חיה איז ביי אים גע־וואַקסן פון טאָג צו טאָג. ער וואָלט גיכער מסכים געווען דערשיסן זיין בעסטן רייטפערד, איידער דעם פּרעכטיקן מוסטאַנג.

ער האָט זיך שוין אַפילו געשלאָגן מיט דער דעה, צו לוינט אים פאַר די טויזנט דאָלאַר אַוועקצוגעבן דעם שוואַרצן מוסטאַנג: ס'איז אַ סך גלייכער אַליין ווערן זיין באַלעבאָס און אויסהאָדעווען אַ נייעם דור פּאַסגייער.

דער פּאַסגייער ווידער איז פריי אַרומגעלאָפן איבער דער פּרערי. ס'איז שוין צייט געווען, איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכן אַ סוף צו דער יאַכט.

דזשאָ האָט אויסגעקליבן דעם בעסטן פערד, דעם פלינקסטן און שטאַרקסטן.

איצט איז נאָך לייכטער געווען צו כאַפּן די מוסטאַנגעס מיט דער לאַסאָ. ס'איז אָבער ניט כדאַי געווען: מען האָט זיי נאָר געדאַרפט אָפּטיילן פון פירער און אַריינטרייבן אין אַ פאַרם.

דזשאָ איז געווען צופרידן, וואָס ער האָט דעם כבוד זיך צו פאַרמעסטן מיט די כוחות מיט אַזאַ חשובן געגנער, און האָט זיך געלאָזן אין דער־ריכטונג צו די מוסטאַנגעס. מיט דער לאַסאָ אין דער לינקער האַנט, האָט ער דעם ערשטן מאָל באַנוצט אין דער יאַכט די שפּאָרן און גאַלאָפּירט גלייך צום שוואַרצן מוסטאַנג. זיי האָבן זיך ווילד געטראָגן איינער נאָכן אַנדערן.

פאַר שרעק זיינען זיך די שקאַפּעס פונאַנדערגעלאָפן אין אַלע זייטן און געמאַכט אַ וואַרע פאַר זיי.

דער פרישער פערד איז געפלויגן מיט גאַנצן גאַלאָפּ, און דער לייכטפיסיקער מוסטאַנג האָט, ווי זיין טבע איז, גלייכמעסיק געשפּאַנט.

אָבער וואָס פאַר אַ כּישוף! דזשאָ האָט זיך ווי אַ וויכער געטראָגן איבער דער פּרערי. אָבער דער מהלך צווישן אים און דעם מוסטאַנג איז אויף קיין טריט ניט געמינערט געוואָרן. דער מוסטאַנג האָט זיך אַוועקגעטראָגן הינטער אַ בערגל. דזשאָ — נאָך אים. דער מהלך אָבער ווערט נאָך גרעסער. דער יעגער האָט זיך פאַרשאָלטן דאָס לעבן. מיטן גאַנצן כּוח האָט דזשאָ געטריבן, געשמיסן זיין פערד. דער פערד איז געוואָרן ווי משוגע, האָט ווילד געדרייט מיטן קאָפּ, געבלאָנדזשעט מיט די אויגן. מיטאַמאָל האָבן רייטער און פערד זיך איבערגעקוליעט און אַריינגעפאַלן אין אַ גראָבן.

דזשאָ האָט זיך גוט צוקלאַפּט, האָט זיך דאָך געשטעלט אויף די פיס און זיך געמאַטערט אויפצוהייבן זיין פערד. אָבער אומזיסט!

ביים פערד איז איינע פון די רעכטע פיס געווען איבערגע־בראָכן.

דזשאָ האָט קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווי מיט אַ קויל פון רעוואָלווער באַפרייען זיין פערד פון דיליידן. דעם זאָטל האָט ער אַוועקגעטראָגן אין לאַגער.

בינו לבינו איז דער פּאַסגייער נעלם געוואָרן אין דער ווייטעניש.

די מפּלה איז ניט געווען קיין פולשטענדיקע: דזשאָ מיט טשאַרלין האָבן אַריינגעטריבן די שקאַפּעס אין פּאָסטערס פּאַרם און באַקומען אַ גוטע באַלוינונג.

דער מוסטאַנג איז נאָך מער געשטיגן אין דזשאָס אויגן. ער האָט ניט אויפגעהערט צו טראַכטן און צו זוכן פּלענער, ווי אַזוי אויפּדאָסניי אָנצוהייבן אַ יאָכט אויף אים.

### IV.

דער קוכאַר פון דער נייער עקספּעדיציע איז געווען בעטס, מיסטער טאָמאַס בעטס. אַזוי האָט ער זיך גערופן אויף דער פּאָסט, וואוהין ער פּלעגט קומען נאָך בריף און געלט, הגם זיי זיינען פּאַר אים קיין איינציקן מאָל ניט אָנגעקומען. די חברים האָבן אים גערופן טאָם „אינדיק־לאַפּע“. ער האָט דער־ציילט, אַז דאָס איז דער צייכן, וואָס עס טראָגן זיינע בהמות, וועלכע וואַנדערן כלומרשט אַרום אין ווייטן אומבאַקאַנטן צפון.



בעת מען האָט טאָמען פּאָרגעלייגט צו נעמען אַן אָנטייל אין דער עקספּעדיציע אַלס אַ שותּף אין דער אונטער־נעמונג, האָט ער זיך צולאַכט און געזאָגט: ס'איז אַ קנאַפּער עסק, ווילדע פּערד גייען אין 12 דאָלאַר אַ טוץ, — און דאָס איז טאַקע געווען אַן אמת. ער האָט זיך בעסער אָנגעדונגען פּאַר קליינע שכירות אַלס קוכאַר אין דער עקספּעדיציע.

ווען טאָם האָט אָבער דערזען דעם שטאָלצן מוסטאַנג, האָט ער אים שוין ניט געקענט פּאַרגעסן און ניט אויפגעהערט צו טראַכטן, ווי אים צו כאַפּן. ער האָט ניט געוואוסט ווי זיך דער־פּאַר צו נעמען, ביז ס'איז אַהין געקומען ביל סמיט, וואָס איז מער

געווען באַקאַנט מיטן נאָמען ביל פּאָדקאָווע, לויטן צייכן, וואָס זיינע בהמות האָבן געטראָגן.



חברה פּאַסטוכער זיינען איינמאָל געזעסן ביים טיש. ביל פּאָדקאָווע האָט געגעסן גוטע פרישע פלייש מיט ברויט און פאַרטרונקען מיט ביטערע קאַווע. מיט אַ פולן מויל האָט ער באַמערקט:





— נו, איך האָב היינט געזען דעם שוואַרצן מוסטאַנג, און טאַקע גאָר נאָנט, איך האָב אים אַפילו געקענט פאַרפלעכטן אַ צאָפּ.

— וואָס? און דו האָסט ניט געשאָסן?

— איך האָב עס טאַקע שיר ניט געטאָן.



— נו, נו, זאָלסט ניט טראַכטן פון אַזוינע נאַרישקייטן — האָט זיך אָפּגערופן אַ פּאַסטוך פון אַנדערן עק טיש, איך וועט מיך, אַז ס'וועט ניט אַריבערגיין קיין חודש, און דער מוסטאַנג וועט טראָגן מיין צייכן.



— דו וועסט זיך דאַרפן צואיילן, אַ ניט וועסטו אויף אים געפינען אַ דרייעק מיט אַ פינטל, — האָט זיך אָפּגערופן אַ צווייטער.



— וואו האָסטו דאָס אים געטראָפן? — האָבן אַלע אַ פרעג געטאָן.

— איר ווילט דאָך וויסן די מעשה, וועל איך אייך דערציילן. איך פאָר זיך אַזוי פאַרביי דעם אַנטילאָפּנקוואַל, זע איך ניט ווייט הינטערן אַ איר אַ קופּע. איך האָב זי פריער קיינמאָל ניט באַמערקט. „אפשר איז דאָס גאָר אונזערע אַ בהמה“, — טראַכט איך ביי זיך און פאָר צו נעענטער. ערשט איך זע אַ פערד ליגט אויסגעצייגן אויף דער ערד. דער ווינט האָט מיר געבלאָזן גלייך אין פּנים אַריין, בין איך צוגעפאָרן גאָר נאָענט און — וואָס מיינט איר, — דער מוסטאַנג ליגט ווי אַ קלאָץ. ער איז, דוכט זיך,

ניט פֿאַרוואונדעט, ניט געשוואָלן, קיין ריח טראָגט זיך פון אים אויך ניט. איך האָב ניט געוואוסט, וואָס צו טראַכטן. פלוצלונג האָט ער אַ מאַך געטאָן מיטן אויער, כדי אַראָפּצויאָגן אַ פליג, האָב איך ערשט פאַרשטאַנען, אַז ער שלאָפט. איך האָב זיך גענומען צום לאַסאָ, דאָ האָב איך ניט ווילנדיק אַ קלאַפּ געטאָן אָן מיין זאָטל, און איר האָט געמעגט זען דעם מוסטאַנג אין דער רגע. ער האָט אַ שפרונג געטאָן אויף זעקס פוס אין דער לופטן, די אויגן זיינען אים אַרויסגעקראָכן פון שטערן, האָט אַ הירזשע געטאָן און ווי אַ בליץ זיך אַוועקגעטראָגן אין דער ריכטונג צו קאַליפאָרניע. איך שווער אייך: ער האָט אויף אַ האָר ניט געביטן זיין שטענדיקן פּאַסגאַנג.

די מעשה האָט ביל דערציילט ניט אין אַזאַ סדר, ווי איך: ער פלעגט אַריינוואַרפן זיינע ווערטלעך און האָט בעת מעשה מיט הנאה געגעסן און געטרונקען: ביל איז געווען אַ יונג מיט ביינער.

די פּאַסטוכער האָבן אים געגלויבט: זיי ווייסן שוין לאַנג, אַז ביל וועט קיין ליגן ניט זאָגן. דער אַלטער טאָם „אינדיק-לאַפּע" האָט זיך די גאַנצע צייט שטאַרק צוגעהערט צו דער מעשה. ביי אים אין מוח איז געבאָרן געוואָרן אַ נייער פּלאַן.

בעת טאָם האָט נאָכמיטאָג געראויכערט זיין פּיפקע האָט ער אַרומגעטראַכט דעם פּלאַן מיט אַלע פּרטים. ער האָט אָבער איינגעפונען, אַז פּאַר אים אַליין איז עס אַ צו-שווער שטיקל אַרבעט, און זיך דורכגעשמועסט מיט ביל פּאָדקאָווע. דער סוף איז געווען, אַז ביידע האָבן געשלאָסן שותפות און געמאַכט הכנות צו דער יאַכט אויפן פּאַסגייער.

איצט האָט מען שוין פאַרן פּאַסגייער געגעבן גאַנצע פינף טויזנט דאָלאַר.

דער אַנטילאָפּנקוואַל איז ווי פריער געבליבן דעם פּאַסגייערס געליבטער טרינקאָרט. דאָס וואַסער איז דאָ נידעריק. צווישן געדיכטן אָנוואוקס פון אַאיר און דעם קוואַל איז געוואָרן אַ ברייטער גאַרטל פון שוואַרצע טרוקענע בלאָטע. די ווילדע חיות, וואָס קומען אַהער טרינקען, האָבן דאָ אויסגעטראָטן צוויי סטעזשקעס. די חברים האָבן אויסגעקליבן די סטעזשקע, וועלכע די

ווילדע פערד באַנוצן אָפטער, און אויסגעגראָבן אויף איר אַ גרוב פון 15 פוס די לענג, 6 פוס די ברייט, 7 פוס די טיף. געדויערט האָט עס צוואַנציק שעה אָן אויפהער. די אַרבעט איז געווען אַ שווערע: די אונטערערדישע וואַסער האָט געשטערט.

די גרוב האָבן זיי גוט פאַרשטעלט מיט צווייגלעך און ערד. קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלן, אַז דאָ איז אַ גרוב. אַליין האָבן זיי זיך באַהאַלטן אין גריבער, וואָס זיי האָבן אויסגעגראָבן צווישן די קוסטעס.

אַרום האַלבן טאָג האָט זיך באַוויזן דער פּאַסגייער, ער איז געווען איינער אַליין: זינט מען האָט געכאַפּט זיין טאַבון, איז ער געבליבן פאַריתומט.

הגם די צווייטע סטעזשקע האָבן די פערד זעלטן באַנוצט, האָט איר דער אַלטער טאָם דאָך פאַרלייגט מיטן פרישן אַאיר, טאָמער פאַרוועלט זיך פאָרט דעם מוסטאַנג בייטן זיין שטענדיקן וועג.

אַזוי ווי אַ גוטער מלאך וואָלט אים אָפגעהיט פון אַלדאָס בייז, האָט דער פּאַסגייער אויסגעקליבן דווקא די צווייטע סטעזשקע. דער חשודער אַאיר האָט אים ניט אָפּגעשטעלט. ער האָט רואיק געשפּאַנט צו זיין געליבטן קוואַל און גענומען טרינקען.

כדי ניט צו בלייבן מיטן נאָז, איז סמיט געפאַלן אויף אַ המצאה: בעת דער מוסטאַנג האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ, כדי נאָך אַ הפסקה ווידער נעמען טרינקען, זיינען בעטס און סמיט אַרויס פון זייערע לעכער און גיך אים פאַרלאָפן פון הינטן.

בעת דער מוסטאַנג האָט ווידער אויפגעהויבן זיין שטאָלצן קאָפּ, האָט סמיט אויסגעשאָסן הינטער אים פון אַ רעוואָלווער אין דער ערד.

ס'איז ניט אַוועק קיין רגע, ווי דער פּאַסגייער האָט זיך שוין געטראָגן גלייך צו דער גרוב, נאָך איין רגע—און ער פליט אין איר אַריין.

אָט איז ער שוין אויף דער סטעזשקע, און ביידע גלויבן, אַז ער איז שוין זייערער.

נאָר וואָס איז דאָס! ווי עמיצער וואָלט אים מתרה געווען, איז ער מיט אַ מעכטיקן שפּרונג אַריבערגעפלויגן די סכנותדיקע גרוב-

באַלד איז ער נעלם געוואָרן אין דער ווייטעניש, כדי נאָך אמאָל קיין פוס ניט צו שטעלן אויף די אויסגעטראָטענע סטעזשקעס.

V.

דזשאָ קאָלאָן איז געווען ענערגיש און געדולדיק. דער געדאַנק, צו כאַפּן דעם מוסטאַנג איז אים פון זינען ניט אַרויס. בעת ער האָט זיך דערוואוסט, אַז אַנדערע טראָגן זיך אַרום מיטן זעלבן רעיון, וואָס ער, האָט ער תּיכּף געמאַכט הכנות צו אַ נייע יאַכט: אויפן זעלבן שטייגער, ווי דער וואָלף כאַפּט דעם שנעלפיסיקן קראָליק און דער אינדיאַנער רייטער — די פלינקע אַנטילאָפּע: דער אַלטער פּלאַן פון שילוחים יאַכט.

דער קאַנאַדישער טייך אין דרום, זיין בייטייך, דער אַראָיאָ אין צפון־מזרח, די דאָן־קאַרלאָס בערג אין מערב האָבן אַרומגענומען אַ ווייטן דרייעק, וואו ס'איז געווען די ממשלה פון פּאַסגייער. מען האָט געוואוסט, אַז ער טרעט קיינמאָל ניט אַריבער די גרענעץ. זיין הויפּט־קוואַרטיר איז געווען אויף די פעלדער אַרום דעם אַנטילאָפּנקוואַל. דזשאָ איז געווען גוט באַקאַנט מיט דער געגנט: ער האָט דאָ געקענט איטלעכס קוועלכעלע, איטלעכס סטעזשקעלע, אַזוי גוט ווי אַלע באַוועגונגען פון מוסטאַנג.

ער האָט נאָר געדאַרפט האָבן צו דער יאַכט אין זיין רשות פופציק גוטע פערד, וואָלט ער זיי צוטשטעלט אַזוי, אַז אַלע וויכטיקע פונקטן וואָלטן געווען פאַרנומען. ער האָט אָבער געהאַט נאָר צוואַנציק פערד און פינף גוטע רייטער.

גאַנצע צוויי וואָכן האָט דזשאָ געשפּייזט די פערד מיט גוטן האָבער. ער האָט אַיינגעחזרט מיט זיינע יאַכט־חברים, וואָס איטלעכער האָט צו טאָן און זיי צעשטעלט אַ טאָג פאַר דער יאַכט אויף די פּאָסטנס.

אין באַשטימטן טאָג איז דזשאָ געקומען צופאָרן מיט אַ פור, זיך צעלייגט מיט זיין לאַגער לעבן דעם אַנטילאָפּנקוואַל און גענומען אויסוואַרטן.

ענדלעך האָט זיך פון דרום באַוויזן דער פעכשוואַרצער פערד, ווי תּמיד איינער אַליין. רואיק האָט ער זיך געלאָזן צום

קוואַל, איז אים אַרומגעגאַנגען, האָט געשמעקט, צו איז ניט באַ־
האַלטן ערגעץ וואו אַ שנא. באַלד איז ער צוגעגאַנגען צום וואַסער
און גענומען טרינקען.

דזשאָ האָט געקוקט און אים געוואונשן אַ סצוטרינקען
אַ גאַנצע פאַס.

אין דער רגע, ווען דער מוסטאַנג האָט אויפגעהויבן דעם
קאָפּ, האָט דזשאָ אַ יאָג געטאָן זיין פערד. דער פאַסגייער האָט
דערהערט דעם קלאַפּ פון די פּאָדקעווע און דערנאָך דעם גאַ־
לאָפּירנדיקן פערד און רייטער. זיי בעענטער צו באַטראַכטן האָט
ער קיין חשק ניט געהאַט און תּיכף געמאַכט פליטה אין דער
ריכטונג צו דרום.

דזשאָ האָט ניט געקאַרגט קיין קלעפּ פאַר זיין פערד: ער
האָט געאַרבעט מיט די שפּאָרן, מיטן בייטש.



איין מייל — און נאָך אַ מייל — און אַ דריטע
מייל — אָט ווייזן זיך שוין די פעלזנשפּיצן פון
אַריבע. דאָרט וואַרטן אויף אים פרישע פערד,
און דזשאָ האָט זיך מיט אַ פרישן אימפּעט
געטראָגן פאָרויס. אָבער די שוואַרצע גריווע,
וואָס האָט געפלאַטערט אויפן ווינט, האָט זיך
מער און מער דערווייטערט.

ענדלעך האָבן זיי דערגרייכט דעם באַ־
רגשפּאַלט פון אַריבע. דער שומר, וועלכן דזשאָ
האָט אַוועקגעשטעלט, האָט זיך, ווי מען האָט
אָפּגערעדט, באַהאַלטן, כּדי דער מוסטאַנג זאָל
אים ניט זען און ניט בייטן די ריכטונג.

דער מוסטאַנג האָט זיך פאַרבייגעטראָגן
און איז ווי אַ שד געפלויגן באַרגאַראָפּ,
באַרגאַרויף, אַלץ מיט דעמזעלביקן פאַסגאַנג.

דזשאָ האָט אָפּגעלאָזן זיין אויסגעמאַטערטן פערד, איז אַרויפ־
געשפּרונגען אויף אַ פרישן און זיך ווידער געלאָזן נאָכן מוסטאַנג.
ער האָט אָן רחמנות געשלאָגן דעם פערד מיט זייַנע שפּאָרן און
מוראדיק געיאָגט, האָט זיך אָבער אויף קיין האָר ניט דערנענטערט.

טאָפּ־טראָפּ, טאָפּ־טראָפּ, טאָפּ־טראָפּ — האָט גלייכמעסיק אָפּ־געקלאַפּט דער מוסטאַנג. ס'איז אַוועק אַ שעה, צוויי, דריי — אָט זײַנען זיי שוין ביי אַלאַמאָזאָ־אַראָיאָ, וואו ס'וואַרט אַ שומר. דזשאָ האָט זיין פערד דעם אָטעם ניט געלאָזן אָפּכאַפּן און געטריבן פאָרויס.

מיטאַמאָל האָט דער מוסטאַנג זיך פאַרנומען אויף לינקס. דאָס האָט כאַרן נאָכיאָגער גיך געטייגט. ער האָט מיט די לעצטע כוחות געיאָגט זיין פערד, כדי איבערצושניידן דעם מוסטאַנג דעם וועג און האָט, קענטיק, געוואונען אַ שטיק וועג. דזשאָ האָט אויס־געשאָסן עטלעכע מאָל פון זיין ביקס און געצוואונגען דערמיט דעם מוסטאַנג צו פאַרקערעווען אויף רעכטס אין דער ריכטונג צום שומר.

ביידע האָבן זיך געטראָגן איבערן פליין. פּלוצלונג איז דזשאָ אַראָפּגעשפּרונגען פון זאָטל: זיין פערד האָט פאַרלאָרן די כוחות און זיך מערניט געקענט רירן פון אָרט. ס'איז קיין חידוש ניט: פאַר איין מאָל האָט ער געמאַכט איבער זעכציק וויאָרסט. דער רייטער אַליין איז אויך געווען טויט־מיד. זיינע אויגן האָבן געברענט פון שטויב. ער האָט פאַר זיך כמעט גאָרניט געזען. מיטן האַנט האָט ער אַ מאַך געטאָן צו זיין חבר טאָם: געהייסן אים נאָכיאָגן דעם מוסטאַנג.

די יאָגעניש האָט זיך אָנגעהויבן גאָר פונדאָסניי. דער פרישער געזונטער פערד האָט לייכט געטראָגן טאָמען אַרויף און אַראָפּ איבערן בערגלדיקן פליין.

דער שוואַרצער מוסטאַנג איז אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט אַ ווייסן שוים. זיינע זייטן האָבן זיך געהייבן, ער האָט שווער געאָטעמט, און דאָס איז געווען אַ סימן, אַז אים איז שוין אויך ניט לייכט. אָבער ער האָט זיך ווי פריער געטראָגן אַלץ ווייטער און ווייטער.

לכתחילה האָט זיך געדוכט, אַז דער מהלך צווישן ביידן ווערט קלענער. באַלד האָט אָבער טאָם אָנגעהויבן אָפּצושטיין. אין אַ שעה אַרום זיינען זיי געווען ביים לאַנגן באַרגאַראָפּ פון אַלאָ־מאָזע. דאָ האָט אים פאַרביטן קאָרינגטאָן, דער יינגסטער פון די־

פאַסכוכער. איצט איז די יאַכט געגאַנגען קיין מערב אין הויכן געדיכטן גראָז און שטעכעדיקן קאַקטוס. צודראַפּעטע און צובלוטיקטע האָבן זיי זיך, פונדעסטוועגן, געטראָגן פאָרויס.



אַ באַדעקטער מיט שטויב און שוים, האָט דער שוואַרצער פאַסגייער אויסגעזען ורוי, און ער איז געפלויגן אַלץ מיט דערזעלביקער שנעלייט.

קאַרינגטאָן האָט דורך אַ צו היציקן גאַלאָפּ גלייך פון אָנהייב פאַרוואונדעט זיין פערד. ערשט האָט ער אים נאָך געשלאָגן מיט די שפּאָרן און מיט דער בייטש און געוואָלט צווינגען אים אַריבערצושפּרינגען אַ גראָבן.

איין אומגעלומפּערטער שפּרונג — און פערד און רייטער זיינען אַראָפּגעפלויגן אין גראָבן. דער יונגער פאַסטוך איז געבליבן גאַנץ, אָבער דער פערד רוט נאָך עד היום דאָרט.

דער אומגליק איז געשען לעם דער פאַרם פון אַלטן גאָלעגאָ, וואו דזשאָ אַליין האָט געוואַרט אויף זיי. אַן אָפּגערוטער און מונטערער האָט ער זיך געזעצט אויף אַ פרישן פערד. צייט צוואַנציק מינוט האָט ער זיך שוין ווידער געטראָגן הינטער דעם פאַסגייער. ווייט, אין מערב האָבן אַרויסגעשטאַרצט די שפּיצן פון די דאָן־קאַרלאָס בערג. דאָרט האָבן אויף אים געוואַרט פרישע מענטשן און אויסגערוטע פערד. אַהין טאַקע האָט דזשאָ געוואָלט יאָגן דעם מוסטאַנג. אַזוי ווי ער וואָלט עס אינסטינקטיוו געפילט, האָט דער ווילדער פאַסגייער זיך באַלד פאַרקערעוועט צו צפון. דער פלינקער נאָכיאָגער האָט אים געוואָלט צווינגען לויפן קיין מערב. ער האָט געשריען, געקנאַלט מיטן רעוואָלווער, אויפגעהויבן וואָלקנס שטויב, אָבער דער מוסטאַנג האָט זיין ריכטונג ניט געביטן. דזשאָ האָט קיין ברירה ניט געהאַט און געמוזט זיך טראָגן נאָך אים.

דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער ווילדסטער און פייגלעכסטער

מאָמענט אין דער יאַכט. אכזריש צום מוסטאַנג, איז דזשאָ געווען נאָך אומברחמנותדיקער צו זיך און זיין פערד. די זון האָט גע־ברענט, די אָנגעגליטע ערד האָט געאָטעמט מיט אַ הייסער דריקנ־דיקער לופט, די אויגן און ליפּן זיינען געווען פאַרברענט פון שטויב און פון זאַמד, אָבער די פאַרצווייפלטע יאַכט איז געגאַנ־גען ווייטער. דזשאָ האָט נאָך געהאַט איין האָפענונג: פאַרטרייבן דעם מוסטאַנג צוריק צו אַראַיאָ. פאַר דער גאַנצער צייט האָט ער איצט דאָס ערשטע מאָל באַמערקט ביים מוסטאַנג סימנים פון מידקייט און שוואַכקייט. זיין גריווע און זיין עק זיינען אַראָפּגעהאַנגען.

דער מהלך צווישן זיי האָט זיך פאַרקלענערט אויף אַ העלפט, אָבער דער פּאַסגייער האָט נאָך אַלץ געשפּאַנט און געשפּאַנט.

ס'איז אַוועק אַ שעה נאָך שעה, און זיי האָבן זיך ווילד געטראָגן איינער נאָכן אַנדערן. די נאַכט איז צוגעפאַלן, בעת זיי זיינען געקומען צו אַראַיאָ. זיי האָבן דורכגעמאַכט גוטע פערציק וויאָרסט. דזשאָ האָט באַוויזן בייטן דעם פערד. דער אויסגעמאַ־טערטער פערד, וועלכן דזשאָ האָט אָפּגעלאָזן, איז צוגעלאָפן אין איין אָטעם צום טייך, האָט זיך אָנגעטרונקען און איז אויף אַן אָרט אַוועקגעפאַלן.

דזשאָ האָט זיך אויף אַ רגע אָפּגעשטעלט מיט דער האָפע־נונג, אַז דער מוסטאַנג וועט בעמען טרינקען. דער פּאַסגייער איז אָבער ניט געווען אַזוי נאַריש: ער האָט נאָר איין שלונג געטאָן, זיך אָפּגעטונקט אין וואַסער, איז אַריבער דעם טייך און ווידער געפלויגן מיטן נאָכיאָגער הינטער זיך. באַלד זיינען זיי בעלם געוואָרן אין דער פינסטערניש.

באַגינען האָט דזשאָ זיך אומגעקערט אין לאַגער צופוס. קיין סך האָט ער ניט געהאַט צו דערציילן: ער האָט געפּטרט אַכט פערד, פינף מענטשן זיינען געבליבן אָן כוחות, און דער פּאַסגייער איז געבליבן גאַנץ און פריי.

— גאָרניטש צו מאַכן. אַ שאָד די טירחה. איך האָב נאָר חרטה, וואָס איך האָב אים ניט אַריינגעזעצט קיין קויל אין זייט — האָט דזשאָ פאַרענדיקט און אויף תמיד זיך אָפּגעזאָגט פון זיין חלום.

.VI

טאָם, אינדיק לאַפּע, איז געווען קוכאַר אויך אין דער לעצ־טער עקספּעדיציע. ער איז בלב ונפש געווען אַריינגעטאָן אין דער יאַכט, מער ווי איטלעכער פון די פּאַסטוכער. ווען זי האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער מפּלה, האָט ער מיט אַ שמייכל צו זיך אַליין געטענעט:

— דער מוסטאַנג איז מיינער, אַ ניט בין איך איין נאַר אין דער וועלט!

ער האָט ליב געהאַט צו ברענגען משלים פון תנך און ווייטער גערעדט אין טאָפּ אַריין:

— זיינען די פלישתים ניט געפאַלן אויף דער ריכטיקער המצאה, כדי מנצח צו זיין שמשון הגבור? און אָדם הראשון וואָלט עד־היום פאַרבליבן אין גן־עדן, ווען ער וואָלט ניט געווען אַזוי שוואַך קאָפּ גיב שכל!

די כסדרדיקע פאַרפאָלגונגען האָבן דעם מוסטאַנג נאָך ווילדער געמאַכט. פונדעסטוועגן האָט ער זיך מיטן אַנטילאָפּן־קוואַל ניט געקענט שיידן. ס׳איז געווען דער איינציקער טרינק־אָרט, וואָס האָט ווייט אַרום ניט געהאַט קיין קוסט, קיין שטיין, הינטער וועלכן אַ שונא האָט זיך געקענט באַהאַלטן. ווי פריער פלעגט ער יעדן כאָג קומען אַהער אַרום מיטאָגצייט, פאָרזיכטיק זיך אַרומ־קוקן און נעמען טרינקען.

זינט מען האָט געכאַפּט זיין טאַבון, האָט דער מוסטאַנג געלעבט איינזאַם. איז אים אוודאי געווען אומעטיק, און ער האָט בלי ספק געבענקט נאָך פערד. אויף דעם טאַקע האָט טאָם געבויט זיין נייעם פּלאַן.



אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט טאָם זיך געזעצט אויף אַ קליינער שיי־נער ברוינער שקאַפּע, גענומען מיט זיך שטאַרקע שטריק, אַ לאַסאָ, אַ רידל, אַ דיקע קלעצל און זיך געלאָזן צום באַרימטן קוואַל.



אַ פרישער פרימאָרגנטוי איז געווען פאַרציייגן איבערן פליין. עטלעכע פלינקע אַנטילאָפּעס זיינען פאַרבייגעלאָפן. דאָ און דאָרט זיינען קופּקעסווייז געלעגן בהמות. פון אויבן, פון דער בלויער לופט האָט זיך געטראָגן אַ הילכיקער געזאַנג פון פעלדלאַרך. דער ווינטער איז שוין לאַנג אַוועק און האָט געמאַכט אַ וואַרע פאַרן פרילינג. די גאַנצע נאַטור האָט אָפּגעלעבט און געבליט. אַלץ, האָט זיך געדוכט, אָטעמט מיט ליבע.

בעת טאָם האָט פריי אָפּגעלאָזן זיין שקאַפּע, האָט זי גע־הויבן די מאָרדע אינדערלופטן און פריילעך געזונגען מסתמא איר ליבע־ליד.

דער אַלטער טאָם האָט זיך צוערשט באַקענט מיט דער אַרומיקער געגנט. אָט איז די גרוב, וואָס ער האָט אַנומלט אויס־געגראָבן. זי איז פול מיט וואַסער. אויבן שווימען אַרום אַ פּאָר פעלדמייז. פאַזע דער גרוב האָבן די חיות אויסגעטראָטן אַ בייע סטעזשקע.

טאָם האָט אויסגעקליבן אַ גלאַטן אָרט, וואָס איז געווען באַדעקט מיט הויכע גראָז און געדיכטן אַאיר, האָט פעסט אין ערד אַריינגעקלאַפּט די קלעצל.



ניט ווייט דערפון האָט ער אויסגעגראָבן אַ גרוב, טיף גענוג, כדי אין איר זיך צו באַהאַלטן. דאָרט האָט ער אויסגעשפּרייט זיין דעקע. די שקאַפּע האָט ער צוגע־בונדן צום קלעצל. אויף דער ערד האָט ער פונאַנ־דערגעוואָרפן דעם לאַסאָ, איין עק צוגעבונדן צום קלעצל, און די שטריק אַליין האָט ער פאַרדעקט מיט זאַמד און גראָז. פאַרטיק מיט אַלץ, איז ער אַריינגעקראָכן אין גרוב.

די שקאַפּע האָט ניט אויפגעהערט צו הירזשען. נאָך לאַנגע וואַרטעניש, אַרום אַ האַלבן טאָג, האָט זיך ווייט פון מערב דער־

הערט אַ תשובה. באַלד האָט זיך אויפֿן בלויען פֿאָן פֿון הימל באַ־
וויזן דער שוואַרצער מוסטאַנג.

לאַנגזאַם האָט ער געשפּאַנט איבער די בערגלעך. אָנגעלענערט
פֿון עקשנותדיקע פֿאַרפֿאָלגונגען, האָט ער זיך אָפּט אָפּגעשטעלט,
זיך אומגעקוקט און געהירזשעט. די תשובה פֿון דער שקאַפּע האָט
געפֿונען בלי ספק אַן אָפּקלאַנג אין זיין האַרצן. ער האָט זיך נאָכ־
מער דערנענטערט.

מיטאַמאָל איז ער געוואָרן אומרואיק, האָט געמאַכט אַ גרויסן
קרייז, געשמעקט אין דער לופֿט, צו ס׳לויערט ניט ערגעץ אַ שונא.
ס׳איז געווען קלאָר, אַז ער שלאָגט זיך מיט דער דעה, ווי די
האַרץ וואָלט אים זאָגן: ווייטער גיי ניט!

אָבער די ברוינע שקאַפּע האָט אים גערופֿן. זיינע קרייזן
זיינען געוואָרן קלענער, ער האָט נאָך אַ מאָל אַ הירזשע געטאָן
ווידער באַקומען אַ תשובה. האָט ער פֿאַרגעסן אָן אַלץ און זיך געלאָזן
גלייך צו דער שקאַפּע.

באַלד האָבן זיך ביידע באַרירט מיט די מאָרדעס.

איין רגע זיינען דעם מוסטאַנגס הינטערשטע פֿיס אַריין
אינמיטן דער סכּנותדיקער פּעטלע. איין קליינע באַוועגונג, די פּעטלע
האָט זיך פֿאַרצויגן — און זיינע הינטערשטע פֿיס זיינען געווען
געפּענטעט.

אַ מאוימדיקער קרעכץ האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון זיין מעכ־
טיקער ברוסט.

בעת דער מוסטאַנג האָט געטאָן אַ ווילדן שפּרונג, האָט טאָם
אַ שליידער געטאָן אַ צווייטע פּעטלע און געפּענטעט אויך זיינע
פֿאָדערשטע פֿיס. דער מוסטאַנג האָט אין גרויס פּחד מיט אַ טאָ־
פּעלער קראַפֿט געטאָן נאָך א שפּרונג, די שטריק האָבן זיך אָנ־
געצויגן, און דער פֿרייער באַהערשער פֿון דער געגנט איז ווי
אַ קלאָץ געפֿאַלן אויף דער ערד אַן הילפֿלאָזער געפֿאַנגענער.

די קליינע האָרבאַטע פֿיגור פֿון אַלטן טאָם איז אַרויסגע־
שפּרונגען פֿון דער באַהעלטעניש, כּדי ענטגילטיק צו באַהערשן
די גרוסאַרטיקע חיה. דער גרויסער כּוח פֿון דעם פֿרייען פֿאַס־

גייער איז געווען גאָרנישט אַנטקעגן דער קלוגער המצאה פון קלײנעם זקן.

דער מוסטאַנג האָט ווילד געהירזשעט, זיך מיט כוח געריסן, זיך פאַרצווייפלט געשליידערט. אָבער אומזיסט! זיין קערפּער האָט גענומען זיך טרייסלען, און איבער די באַקן האָבן זיך געקייקלט גרויסע טרערן.

טאָם איז געשטאַנען פאַר זיין קרבן און אים באַטראַכט. אַ מאָדנער געפיל האָט אַרומגעכאַפּט דעם אַלטן פאַסטוך: זיין גאַנ־צער קערפּער האָט געציטערט, פונקט ווי אין דעם טאָג, בעת ער האָט געכאַפּט און געבונדן זיין ערשטן אָקס.

באַלד איז אָבער דער געפיל אַוועק. ער האָט גענומען די שקאַפע, אַרויפגעוואָרפן אַ פעטלע אויפן מוסטאַנגס שיינע האַלדז און שוין געוועסט אָנגעהויבן די נסיעה אַהיים. מיטאַמאָל האָט ער זיך געכאַפּט, אַז ער האָט פאַרגעסן צו טאָן דאָס וויכטיקסטע נאָך אַזאַ נצחון: דער געזעץ אין מערב זאָגט, אַז דער באַלעבאָס פון מוסטאַנג ווערט דער ערשטער, וואָס לייגט אַרויף אויף אים זיין צייכן. ווי גיט מען זיך דאָ אַן עצה, ווען די מכשירים אויף אויסברענען אַ צייכן זיינען פערציק מייל פון דאַנען?

טאָם איז אויך איצט געפאַלן אויף אַ המצאה. ער איז צו־געגאַנגען צו זיין שקאַפע, האָט אויפגעהויבן אירע פיס, באַטראַכט איר פאָדקאָוועס. גוט! איין פאָדקאָווע שאָקלט זיך. ער האָט די פאָדקאָווע אַ צייט געטרייסלט און מיטן רידל אַראָפּגעריסן. טרוקענע טשערעט איז דאָ לרוב, האָט ער געלייגט פייער און ביז רויט אָנגעגליט אַ האַלבע פאָדקאָווע. די צווייטע העלפט האָט ער אַרומגעוויקלט מיט אַ זאַק, גענומען אין האַנט, כדי



אויסצוברענען אויפן לינקן זייט פון הילפלאָזן מוסטאַנג אַ אינדיק־לאַפּע — זיין צייכן, וואָס ער האָט דאָס ערשטע מאָל באַנוצט אין זיין לעבן. דער פאַסגייער האָט אַ ציטער געטאָן, בעת דאָס גליענדיקע אייזן האָט באַרירט זיין גלאַנציקע פעל. ס׳האָט געדויערט אַ רגע, און די איידעלע חיה האָט אויף תמיד פאַרלאָרן די פרייהייט.



איצט איז נאָר פאַרבליבן אַוועקפירן ז'עם געפאַנגענעם אַהיים. טאָם האָט לויזער געמאַכט די שטריק. דערפילט זיך פריי, ער, האָט דער מוסטאַנג אַ שפּרונג געטאָן איז אָבער תיכף ווידער אַנידערגעפאַלן: זיינע פאָדערשטע פיס זיינען געווען געפּענטעט.

אויף זיין לייכטן פערדל האָט טאָם געגוקעט, געקנאַלט מיט דער בייטש און געטריבן דעם ווילדן פאַסגייער אויף צפון צום באַרג-שפּאַלט פינאַוועטיטאָס, אָבער דער געפאַנגענער האָט זיך געעקשנט. פאַר כעס האָט ער געהירזשעט, געמאַכט אומגעלומפּער-טע שפּרונגען און כסדר געפּרובט זיך צו באַפרייען. דער מוסטאַנג האָט געפירט אַ לאַנגן גרויזאַמען קאַמף. זיינע גלאַנציקע זייטן זיינען אינגאַנצן געווען באַדעקט מיט שוים און באַפּלעקט מיט בלוט. ער פלעגט כסדר פאַלן. זיינע אָנגעשטרענגטע שפּרונ-גען האָבן אים אַלץ מער און מער אָפּגעשוואַכט. דער שוים פון זיין מויל איז אויך געווען אויסגעמישט מיט בלוט. אָבער דער זיגער איז געבליבן קאַלט און אומבּרחמנותדיק און אים געטריבן פאָרויס.

זיי האָבן זיך געלאָזן באַרגאַראָפּ צום טאָל. יעדער טראָט איז געווען אַ שווערער קאַמף. באַלד זיינען זיי געקומען צו דער סטעזשקע, וואָס האָט געפירט גלייך אין טאָל אַראָפּ. דאָס איז געווען די צפונדיקע גרעניץ פון דעם פאַסגייערס מלוכה. פון ווייטן האָבן זיך באַוויזן די ערשטע הייזער. טאָם האָט לייכטער אָפּגע-אָטעמט.

דער מוסטאַנג אָבער האָט צונויפגעזאַמלט זיינע לעצטע כוחות צו אַ פאַרצווייפלטן פרוב.

ער איז געשפּרונגען אַלץ העכער און העכער באַרגאַרויף. טאָמס פייפן, קנאַלן מיט דער בייטש, שיסעריי אין דער לופטן זיינען ניט געווען בכוח אָפּצוהאַלטן אים פון ווילדן לויף. ער האָט דערגרייכט דעם שטיילן פעלזנשפּיץ און איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער הויך אין תהום אַריין...

דער מוסטאַנג איז געבליבן ליגן אונטן אויף די קאַלטע פעלזן, אַ צעשמעטערטער, אָבער אַ פ ר י י ע ר.



